ערשטער יאהרגאנג נר. 8.
DUS L

להאיר להם את הדרך

# דאס ליכט

אשר ילכו בה

ערשיינט יעדען פרייטאג. ארטאדאכסיש ארגאן פאר גאליציע. ערשיינט יעדען פרייטאג

ב״ה קראקא, פרייטאג תשא י״ז אדר תרצ״א. ליכט צינדען 5·14 מוצש״ק 6·28. Kraków, dn 6 marca 1931.

אדרעס פון רעד. און אדמ.: קראקא מייזעלסא 4. טעל. 120-96. — Adres Red. i Adm.: Kraków, Meiselsa 4. Tel 120-96.

ר. נחמני.

## רבנות פראבלעמע.

I.

עס ווימעלט לעצטענס אין דער יודישער גאס פון רבנות מחלוקת׳ען. עס איז דערגאנגען אזוי ווייט אז מ׳האט זיך אנגעהויבען צוגעוואוינען צו די מחלוקת׳ען ארום רבנות ווי צו א נארמאלע נאטירליכע ערשיינונג. ווי צו עטוואס אלטעגליכעס.

ווייזט זיך אבער ארויס אז די פאלגען פון אט די מחלוקת׳ן זענען גארנישט קיין אלטעגליכע. און זיי ברענגען אפט צו א גרויסען חלול השם צו השפלת כבוד הרבנות און כבוד התורה.

אויסצורעכנען די אלע פאלען ווי די מחלוקתן ארום רבנות האט געברענגט צו זעהר טרויעריגע קאנסעקווענטען איז ממש אוממעגליך, ס׳איז נאר כדאי צו דערמאהנען מעשה סאסנאוויעץ ווי הרב ענגלארד איז צוליעב שענדליכע אומבעגרינדעטע מסירות ארעסטירט געווארען אויף איבער שבת וואס עס האט געבראכט צו א גרויסען חלול השם. איצט איז די יודישע וועלט ממש אויפגעציטערט געווארען אז צוליעב רבנות מחלוקת איז אין לוקאוו געקומען אים שבת ממש צו שפיכת דמים. מיר זענען דא בשום אופן נישט אויסען גיעסען וואסער אויף די מיהלען פון די לינקע וועלכע נוצען אויס אזעלכע געלעגענהייטען, צו דערניעדריגען דעם רבנות-ווערזען בכלל. גאנץ אפט ווערען אפילו אזעלכע רבנות-קאנפליקטען אינסצעניזירט דורך די לינקע אויף צו דיסקרעדיטירען דאס רבנות אין דאס תורה-יודישקייט. גאנץ אפט אויך ווערען סתם יודען רעליגיעזע יודען אומבאוואוסטזיניג מיט אריינגעשלעפט אין דער מחלוקה געגען א געוויסען רב וועלכע מחלוקה איז אבער בעצם א קאמף פון די לינקע געגען תורה אויטאריטעטן בכלל וואס האט צופעליג געפונען א ציעל-פונקט אין דעם בעטרעפענדען רב.

מיר — די ארטאדאקסיע און די רבנים גופא — קענען זיך אבער נישט ריינוואשען און זאגען אז מיר זענען גאנץ אומשולדיג און אט דעם געשאפענעם צושטאנד. מיר קענען נישט זאגען ידינו לא שפכה את הדם הזה. ס׳איז לעצטענס געווארען א סארט מנהג אז רבנות־קאנפליקטען ווערען אמווייניגסטען ערלעדיגט דורך א דין תורה ס׳מעהרען זיך כסדר די טרויעריגע פאקטען. אז רבנים ווילען ליעבערשט ערלעדיגען די סכסוכים מיטן כח פון דער מאכט, פון די בעהערדען, וועלכעס ברענגט צו חילול השם און צו דערניעדריגונג פון כבוד הרבנות ביי יודען און נישט יודען.

די וואך פאר פ׳ משפטים האבען מיר דערהאלטען א אנרעגונג פון א אנגעזעהענע און אנערקאנטע רבנישע אויטאריטעט, צו שרייבען וועגען דעם טרויעריגען מצב אז פיעל רבנים אליין ווייזען א שלעכט ביישפיעל מיט דעם וואס ביי רבנות-קאנפליקטן זענען זיי אליין עובר אויף דעם לפניהם ולא לפני ערכאות און גיבען איבער זייערע סכסוכים ליבערשט לארכעות ווי צו יודישע בתי דינים. דאס העכסטע אדמיניסטראטיווע טריבונאל איז פערוואורפען מיט ארבייט ארום רבנות-פראצעסען. נאכמעהר ווי אין די געריכטען ווערט ביי די סכסוכים ארום רבנות געארבייט מיט פראטעקציעס ביי די, איבער דער קהלה שטעהענדיגע ארגאנען, ביי די מאגיסטראטען, סטאראסטעס און וואיעוואדעס. ד. ה. אז סטאראסטעס זאלען ענטשיידען, וועמען ס׳קומט א געוויס רבנות לויט די יודישע דינים פון חזקה אדער ווער ס׳איז ראוי צו פערנעמען א רבנות-אמט. אזא אבסורדאלער צושטאנד מוז ברענגען צום אונטערגראבען פון גאנצען רבנות-וועזען וועלכעס איז אין היינטיגע צייטען אבער דאפעלט וויכטיג צוליעב החזקת הדת השגחה איבער כשרות, חינוך וכדומה. די אויפגאבע פון א רב איז אויך בעיקר צו זיין א גייסטיגער מנהיג פון דער שטאדט וועלכעס מיקען אבער בשום אופן נישט ווערען מיט׳ן כח פון סטאראסטא.

אפט בעקלאגען זיך סטאראסטעס אין סתם העכערע בעאמטען דערויף אז זיי פערשטעהען זיך נישט דערויף „צא טא זנאטשי חזקה" „צא טא זנאטשי הורמנא" די בעהערדען אליין וואלטען געוועזען צופריעדען יודען זאלען „צווישען זיך" ערלעדיגען אזעלכע אינטערנע יודישע ענינים און נאר מיר זענען די שולד געדרין וואס אפילו אזעלכע זאכען געהען לערכאות.

# די ערוואכונג פון דער ארטאדאקסיע!

דאס ערוואכען פון דער ארט. אין די לעצטע יאהרען וואס האט געכרענגט דערצו אז די ארטאדאקסיע האט צוביסלעך א:געהויבען א ראָפּוואַרפען פון זיך דאס אפּיטרופסות פון די פרייע און זיך בעפרייען פון נלות ב״י יודען, האט לעצטענס געמאכט געוויסע פארטשריטען. דאס זעלבסטשטענדיג מאכען זיך פון דער ארטאדאקסע האט לעצטענס אָנגענומען אזעלכע פאָרמען אז׳אפילו די שארפסטע געגנער פון דער ארט. מוזען דעם ראזיגען — פאר אינז אזוי וויכטיגען-פאקט אנערקענען און זיך רעכנען מיט אים.

זאַנאר גרינבוים וועלכער האט זיך עס געמאכט - פאר א לעבענס אויפגאבע מיט אלע מיטעל די ארט. משפיל צו זיין און איר נישט דערלאזען צו פאליטישער זעלבסטשטענדיגקייט, ס׳איז בעקאנט זיין לאזונג פון א טויט-קלאפ דער ארטאָדאָקסיע — האט לעצטענס :עפינען פאר נויטיג זיך צו בעשעפטיגען מיט דער וואקסענדער פאליטישער מאכט-שטעלונג פון דער ארט. באלד נאך די סיים-וואהלען האט ער מיט בצדויערען פעסטגע-שטעלט אז זיין קאמפ׳ס פאליטיק האט געליטען א דורכפאל אין איז באנקראט.

איצט האט ער אויך בבחי׳ מלאך רע בעל-כרחו יענה אמן פעסט געשטעלט דעם וואקסענדען פאליטישען כח פון דער ארט. ער בעדויערט עס נאטירליך ער קען עס זיך נישט [שענקען, אז די ארט. זאל האבען די זעלבע רעכט וואס קומט יעדער מענישען גרופע— איינענע פערטעטער אין אלע עפענטליכע אינסטיטוציעס אין א דעה אין אלע וועלטספראבלעמען און אַקטועלע ענינים.

עס איז דעריבער אינטערעסאנט ווי אזוי עס דענקען וועגען דער זעלבסטשטענדיגמאכונג פון דער ארט. מענשען אליין פון לינקען לאגער, וועלכע זענען אבער נישט אנגאזשירט אינ׳ם פּאָליטישען קאמף דאָ ביי אונז און זענען דאפאר אָביעקטיווער און בעטראכטען די זאך פון א ברייטערען האריזאָנט.

די זעלבסטשטענדיג-מאכונג פון דער ארט. האט לעצטענס שוין אויך געפונען אָן אָבקלאַנג אין אמעריקא, און אָט בעשעפטיגט זיך לעצטענס דר. חיים זשיטלאָווסקי אין „טאג" פון ניי־יאָרק, מיט דעם ענין אין א ארטיקעל א. נ. „די ערוואכונג פון דער ארטאַ־דאקסיע" זיין שטעלונג אין דער פראגע איז זעהר א פאזיטיווע.

דאס פאליטישע ארויסטרעטען פון דער ארט. שרייבט דר. זשיטלאָווסקי — איז דער בעסטער נעוויז אז מיר האבען צו טוען נישט מיט אן אויסשטארבענדיגער בעפעלקערונג, נאר מיט אנערנסטער לעבעדיגער קראפט אין דעם אידישען פאלק אין אָט די קראפט האט נישט נאר מאסען הינטער זיך נאר אויך א גייסטיג גאר הייך שטעהענדיגע יוגענד א דערצויגענע אין אידערע חדרים און ישיבות״.

אכיסעל ווייטער „איך בעגריס אָט די נייע פאליטישע קראפט אונזערע דערפאר ווייל זי איז איצטער די איינציגע פאליטישע שטרעמונג אויף דער יודישער גאס, וואס אידהי גאנצע פסיכאלאגיע געהט להיפך צו דער אסימילאציע, מיט איהר וועט מען זיך נישט דארפען אמפערן וועגען אזעלכע פראגען ווי צו יודען זענען א פאלק צו איז יודיש א שפראך אין צו מיר מוזען אין די אזוי גערופענע גלות-לענדער גופא קעמפען פאר דעם קיום פון אונזער פאלק און אונזער שפראך.

אז מ׳קוקט זיך צו צו דער גייסטיג־קילטורעלער און אויך שפראכליכער אַסימילאציע וואס האט זיך ליידער אריינגעכאפט אויך אינ׳ם אזוי גערופענעם נאציאנאלען לאגער מוז מען בעל כרחו מודה זיין אז די ארט. איז די איינציגע יודישע שטרעמונג וואס געהט להיפך דער אסימולאציע.

# קאלענדער רעפארם.

די ווארשאווער קהלה האט זיך אין דער פורים וואָך גענומען ענערגיש צו דער זאמלונג פון פראָטעסט־אונטערשריפטען געגען קאלענדער-רעפארם, עס זענען ארויסגעגאנגען אויפרופען פון די ווארשאווער רבנים און פון דער קהלה אז אלע יודען מענער און פרויען פון 20 יאהר אָן זאָלען זיך אונטערשרייבען אויף די פראטעסטען. שבת פאר קריאת התורה און פורים פאר דער מגילה, האט מען אין אלע בתי תפלות מעורר געווען וועגען דער אונטערשריפטען אקציע עס איז ארויסגעגעבען געווארען א לאָזונג אין גאנץ פוילען צו שאפען א מיליאן חתימות.

אין דעם אויפרוף וואס דער צ״ק פון א״י האט ארויסגעגעבען וועגען דער פראטעסט אקציע געגען קאלענדער רעפאָרם ווערט אויך אנגעוויזען אויף דער ספּיצ׳יעלער געפאהר פון קאלענדער רעפארם פאר אונז יודען אין פוילען מיט דעם וואס די מארק־טעג וועלען אויסקומען אין שבת און אזוי ארום אוועקנע־מען דעם וויכטיגסטען מקור פון פרנסה פון די יודען אין די שטעדטלעך. אונזערע לעזער געדענקען נאך אוודאי אז „דאס ליכט" נר. 3 ארטיקעל א. נ. „די געפאהר פון בלאנקא־טאָג פאר דער יודישער עקאנאמיק" איז געווען די ערשטע וואס האט אויפמערקזאם געמאכט די לעזער אויף דער געפאהר פון בלאנקא טאג פאר די מארק טעג.

דער פראטעסט געגען בלאַנקא טאג האט גוטע אויסזיכטען. אין אנהויב פון דער יודישער פראטעסט אקציע געגען קאלענדער רעפארם האבען פיעל צייטונגען דערונטער אויך דער ווארשאווער „היינט" אנגעוויזען דערויף אז אונזער פראטעסט אקציע האט סיי ווי קיין שום אויסזיכטען נישט, ווייל אויב די וועלט וועט זיך וועלען סטאביליזירען דעם קאלענדער וועט מען אויף די יודען גארנישט קוקען ווייל די יודען האבען דאך פאר זיך יעדענפאלס אן אנדערען א יודישען לוח און עס צווינגט דאך קיינער נישט די יודען צו רעכנען לויט דעם גויאישען לוח.

ווי ס׳ווייזט אבער אויס רעכענט זיך די וועלט דוקא יא מיט די יודישע פראטעסטען. די ערשטע האט די האלענדישע רעגירונג בעשלאסען אין פעלקער־בונד זיך ארויסצוזאגען געגען בלאנקא־טאג, בפירוש צוליעב דעם יודישען שבת. דער פאָרשט. פון דער עוואנגעלישער קירכע אין פוילען האט זיך ארויסגעזאגט געגען, צוליעב די פראטעסטען פון די פוילישע יודען, איצט האט אייך דאס איטאליענישע קאמיטעט פון אויסערן מיניסטעריום וועגען קאלענדער רעפארם זיך ארויסגעזאגט געגען דער געפלאנטער רעפארם איבערהויפט און בפרט געגען בלאַנקאָ טאג. איינע פון די גרעסטע איטאליענישע צייטונגען „זשורנאל ד׳איטאליא" שרייבט אז זי פרייט זיך צו קענען מיטטיילען אז איטאליען וועט זיך ארויס־זאגען געגען דער רעפאָרם, אויך אז די שטימונג געגען דער רעפארם וואקסט לעצטענס שטארק און ס׳זענען פארהאן גוטע אויסזיכטען אז דער גאנצער פלאן זאל בטל ווערען.

דער וועלט פ. שומרי שבת שרייבט אויך אז די אויסזיכטען זענען לעצטענס בעסערע אבער די געפאהר איז נאך גרויס רוב רעגיערונגען זענען לע״ע נאך פאר דער רעפארם און פארן בלאנקא טאג און נאר מאסענהאפטע יודישע פראטעסטען קענען ווירקען מבטל צו מאכען די געפלאנטע גזירה.

# במה ישכב!

צוליעב דער לעצטענס וואקסענדער סכנה פון עקסמיסיעס ביי יודען, געפינען מיר פאר נויטיג אויסנאמס ווייזע דעם ענין אביסעל אויספירליך ארומצורעדען.

די ווירטשאפטליכע נויט איז לעצטענס גרויס און עס קומט אפט פאר אז מענשען וואס ווילען זעהר גערן נאכקומען די פליכט פון דירה געלד בזמנו. קענען עס אבער צוליעב די שלעכטע צייטען בשום אופן נישט אינם טערמין וואס דאס הערשענדע געזעץ שרייבט פאר. דאס געזעץ דערלויבט דאן — אין געוויסע פאלען אויף עקסמיסיע. אבער נאר אין געוויסע פאלען. געגען אן ארבייטסלאזען ווערט איבערהויפט נישט ארויסגעגעבען קיין עקסמיסיעס. איצט האט דאס העכסטע געריכט ביי איין קאנקרעטען פאל אנערקענט אז א סוחר אדער בעל מלאכה וואס געפינט זיך אין א נויט-לאגע טאר מען אים נישט עקסמיסירען. די נויט־לאגע איז בעוויזען אויב ער האט א דאקומענט אז מ'האט געמאכט א פענדונג אדער ליציטאציע אויף זיינע שטוב־זאכען אדער סחורות. ס'זענען אבער פארהאן אויך פאלען ווי דער בעטר. איינוואוינער געפינט זיך אין א שווערע נויט־לאגע וואס קען פארן געריכט נישט דערוויזען ווערען מיט א דאקומענט אין דער האנד. דעמאלט האט דער ווירט פארמעל דאס רעכט אויף עקסמיסיע. פרעגט זיך ווי שטעלט זיך די זאך איצטער לויטן יודישען דין און לויטן יודישען יושר. צי קען טאקי אזא הויזווירט מיט א ריינעם געוויסען נעמען ארויסווארפען א יוד אין גאס ארייןווייל ער האט ביים געריכט נישט געקענט דערווייזען מיט דאקומענטען זיין נויט-לאגע? צי מעג ער עס לויט'ן יודישען יושר פערלאנג און וואס דארף דערצו זאגען די יודישע געזעלשאפט?

עס דארף נאך בעמערקט ווערען אז אין פיעל פאלען בעקומט א בעה"ב א עקסמיסיע אויף זיין איינוואוינער דוקא צוליעב דער נויט פון לעצטען. ער קען נישט קאנקורירען מיט זיין בעה"ב מיט אזא גוטען, טיכטיגען אדוואקאט. ער האט נישט צו דער פארגעשריעבענער צייט געמאכט קיין רעקורס צוליעב דעם סטעמפעל-אבצאהל וכדומה.

עס קומען אין אונזער רעדאקציע יודען פיינע, חשובע יודען, בעלי צדקה, אליין הויז אייגענטימער מסתמא, און טענה'ן „למה נגרע“ פארוואס מעג א סוחר פענדען און טוען וואס נאר מעגליך אבי צו קומען צו זיין געלד און מיר ווירטס'לייט טארען עס נישט? פארוואס איז עפעס א ווירט מחויב זיין ארימען לאקאטאר צו שטיצען מיט הונדערטער זלאטים. אזעלכע און עהנליכע טענות הערט איהר פון זיי.

זיי גופא מיינען עס באמת אויפריכטיג; זיי מיינען אז זיי זענען גערעכט און אז זיי זענען גאר די בעעולה'טע. עס פערדריסט זיי וואס די געזעלשאפט טהוט אזוי פעראורטיילען א עקסמיסיע געגען אן ארימאן.

איבערהויפט טענה'ן זיי אז ע"פ דין זענען זיי פולשטענדיג אין ארדנונג, טא פארוואס זאל עס זיי עפעס די עפענטליכע מיינונג שטערען?

איז ערשטענס נאך א שאלה צו אפילו עפ"י דין זענען די בעה"ב אין ארדנונג ווייל עפ"י דין טאר א סוחר נישט פערדינען יותר משתות ד. ה. 17 פראצענט. דאס איז ביי מסחר ווי דער אביעקט געהט אין גאנצען איבער אינ'ם רשות פון קונה און אויב דער מוכר האט מעהר פערדיענט הייסט עס אונאה, אבנארעריי און מ'קען עס דורכ'ן בי"ד צוריק פאדערן. ערשט ביי דירה־געלד ווי דער אביעקט — דאס הויז — בלייבט אינגאנצען אין רשות פון בעה"ב דארף עפ"י תורה אודאי געזעצט ווערען גרעניצען צו דער הויך פון פערדי'ענסט ד. ה. פון דירה געלד נאר אפילו אננעמענדיג דעם חוב פאר דירה־געלד פאר א רעאלען, איז אבער ארויסווארפען זיכער נישט דערלויבט. ווארום ביים פענדען פאר א חוב האט די תורה אויך געזעצט געוויסע גרעניצען און עס איז נאר דערלויבט ביז א גבול. אפילו בלויז מאהנען א חוב וואס קומט, איז נישט דערלויבט אין פאל אז דער שולדיגער האט נישט צו בעצאהלען, לא תהי' לו כנשה. אז די האסט געפענדעט א מלבוש אדער א נאכט־דעק מוזט דו עס אים צוריקגעבען צום געברויך ווייל דאס איז זיין איינציג צודעק אויף זיין הויט. איז דאך אודאי אז ס'האנדעלט זיך וועגען זיין איינציגען דאך איבער'ן קאפ, אז מ'טאר אים דעם דאך נישט אוועקנעמען צוליעב דעם חוב.

איבערהויפט איז דאך עפעס פארהאן פאר א יוד א ועשית הישר והטוב וואס איז א מצוה ווי אלע מצות, פאר יעדען און נישט נאר פאר יחידי סגולה, זאגען דאך די חז"ל אז ירושלים איז

# בית שמגדלין בו תורה.

די יודישע גרויסע לייכטענדע פיגורען וועלכע האבען דערגרייכט מיט זייער הימלישער הויכקייט און גייסטיגע גרויסקייט אין די אייבינקייט אריין זענען תמיד געווען בעשיידען, קיינמאל נישט בענלייט געווארען מיט רעש, בראפ, געפילדער, שטיל אינטענסיוו האבען זיי זיך א גאנצען געווידמעט זייער אויפגאבע, זיי האבען די ערהאבענסטע טהאטען פערווירקליכט אין לעבען געבויט, געשאפען, געשמידט די יודישע צוקונפט, און דערביי אזוי בעשיידען איינפאך און עניוותדיג, זיי האבען זעלבסט נישט אפגעשאצט זייער ריעזען גרויסקייט און ווערט פולקייט, דען יעדע מעלה, יעדע גוטע אייגענשאפט אזוי אינטעלעקטועלע ווי זיטליכע האבען זיי אין זיך אזוי נאטוראליזירט אז זיי האבען עס נישט געפיהלט אלס ספעציפישעס. דען עס איז ביי זיי געווען א נאטירליכקייט עס האט זיך צונויף געגאסען און איינגעשמאלצען מיט זייער מהות און געווארען א טייל פון זייער אינערליכעס וועזען דאס איז דער ריכטיגער סימן פון ווירקליך אמת'ע פאלקאמענהייט.

מען דארף דעריבער מיט די גרעסטע גליקס פרייד בעגריסען די פארטזעצונג פון דער ארבייט פון די גרויסע מירער ישיבה וועלכע איז כמעט די איינציגע וועלכע גיט ארויס די וועלט אט א זעלכע ווי אויבענדערמאהנטע יודישע גדולים וועלכע פערקערפערען אין זיך זייער גרויסקייט אין אזא עכט יודישליכען פארם די מירער ישיבה איז היינט צו טאג די גרעסטע אזוי אין פוילען ווי אין די גאנצע וועלט בעזיצענדיג ארום 400 בחורים וועלכע ווערען בעקעסטיגט און אונטערהאלטען מיט אלע מעגליכע הצטרכות'ען און בכבודיגסטען פארם אויך לויט איהר קוואליטעט ארויס געבענדיג די גרעסטע לומדים און די שענסטע רבנים פון די וועלט, גרויסע יראי שמים וואס זענען דורך און דורך עהרליך אויפריכטיג און אמת יודיש, זיי ווערען ספעציעל ערצויגען און ענטוויקעלט אין פיינסטען טאקט און פרעכטיגסטע מדות טובות פאר די זעלבע צייט טיעף בעוואוסטזיניגע, העכסט פערשטענדיגע און פעהיגע אויף אלע לעבענס געביעטען, לעבען אפ יאהרען אויסגעטוהן פון יעדער זייטיגער זאך און טאג און נאכט ארייננעטוען נאר אין תורה ועבודה, עס איז שווער צו ערקלערען און זיך בעגריפען צו שאפען פאר דעם מענטש וועלכער האט מיט איינענע אויגען נישט געזעהען די דאזיגע שטילע בעשיידענע טיפען וועלכע אנטלויפען פון יעדען פאלשען געפילדער און ווידמען זיך מיט'ן גאנצען ברען און פייער פון זייערע יונגע נשמות מיט די אנ־

חרוב געווארען ווייל מ'האט נישט געטוען לפנים משורת הדין (ב"מ ל':).

אמת, יודען האבען קיינמאל נישט געהאלטען פון דעם וואס מ'רופט ביי די פעלקער א פאלקס משפט אדער גאר פון לינטש מעשים. דאג־גען איז ביי יודען פארהאנען געוועזען פאר אויסנאם צייטען א נארם פון הפקר בי"ד הפקר. דאס בי"ד האט געהאט א רעכט צו ערקלערען אלס הפקר פריוואט־אייגענטום פון א געוויסען יחיד אדער יחידים, א יסעדהאלב די נארמען פון געוועזליכען געזעץ. נישט אימער האט געגאלטען דער כלל פון „יקוב הדין את ההר".

מיר זעהען אז דער פרינציפ פון „הפקר בי"ד הפקר" איז אויך פעראנקערט אינם איינפאכען מענשען־פערשטאנד. אזוי איז נאכ'ן קריעג אין דער גאנצער וועלט איינגעפיהרט געווארען לאקאטארען־שוץ געזעצען און דאס דירה געלד אליין איז געזעצליך אראבגעדריקט געווארען ביז א מינימום.

די צייטען זענען ביי אונז אבער איצט ווידער געווארען נישט נארמאלע און לאקאטארען וואס פערשפעטיגען מיט דירה געלד צוליעב פאקטישער נויט בעדארפען א בעזונדערען שוץ, אויב עס איז נישט פארהאן קיין געזעצליכער זאל עס זיין דער שוץ פון יודישען געוויסען פון יודישען יושר פון ועשית הישר והטוב ווארום „במה ישכב".

געפינט דאך די תורה זאגאר פאר נייטיג צוצופיגען צום במה ישכב א שארפע דראהונג פון והי' כי יצעק אלי ושמעתי כי חנון אני.

ש. הלוי.

---

# א בריעף פון ארץ ישראל.

פון אונזער קארעספאנדענט

לעצטענס איז דא געגרינדעט געווארען די „חבורה תורה ולספרות", אין וועלכער עס בעטייליגען זיך כמעט אלע רעליגיעזע אינטעליגענטע כחות וואס געפינען זיך אין ארץ־ישראל און אין ווייטענס שטעהן עס שטעהן רבנים, פראפעסארען, דענקער און שריפט־שטעלער.

דער ציל פון דער געזעלשאפט איז צו פערשטארקען דעם יודיש־רעליגיעזען גייסט צווישען יונגען דור און זיך בענוצען דערצו מיט אלע מיטלען וואס ווערען בענוצט אין מאדערנע קרייזען, ווי: ליטעראטור, וויסענשאפטליכע אויסגאבען, פיעסע, פארלעזונגען א. א. וו. מיט די דאזיגע מיטלען האט זיך דאס רעליגיעזע יודענטום ווייניג בענוצט ביז יעצט. זי פערמאגט נישט קיין איינענע טעגליכע צייטונג, אין דער צייט וואס די אנדערע פארטייען געבען ארויס דריי טעגליכע צייטונגען. ס'איז אויך נישט געזאגט געווארען ארויס צוגעבען מאדערנע ליטעראטור אינם רעליגיעזען גייסט און דעריבער טהוט זיך א גרויסער טייל פון דער רעליגיעזער יוגענד בענוצען מיט דער אלגעמיינער ליטעראטור, וואס איז שעדליך פאר דער רעליגיעזער איבערצייגונג. אויך זענען גאנץ זעלטען פארגעקומען פארלעזונגען אויף רעליגיעז־וויסענשאפטליכע טעמען. עס האבען אויך געפעלט שעורים אין תלמוד און אנדערע רעליגיעזע לימודים פאר דער דערוואקסענער יוגענד. און אט דאס אלץ וויל די ניי־געגרינדעטע געזעלשאפט „ירושלים" דערפילען. איהר ערשטער שריט איז געוועזען איינצואורדענען פארלעזונגען אין די שטעט און דערפער פונם לאנד דורך די בעסטע גייסטיגע כחות אויף פערשידענע וויסענשאפטליכע טעמען פון יהדות. גלייכצייטיג ווערט געפלאנט איינצואורדענען שעורים אין תלמוד, רעליגיעזע פילאזאפיע, חסידות, יורישע עטיק א. א. וו. די געזעלשאפט האט אויך בדעה צו גרינדען א פערלאג וואס זאל ארויסגעבען ליטערארישע און וויסענשאפטליכע ווערק אינם רעליגיעזען גייסט.

די גרינדונג פון דער געזעלשאפט און איהר ערשטער ארויסטריט אינם עפענטליכען לעבען האט געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק אין אלע שיכטען פונם ישוב. די פארלעזונגען ווערען בעזוכט מאסענווייז און הונדערטער צוהערער דעקלארירען זיך אלס חברים אויך פון די קאלאניעס און קבוצות ווענדעט מען זיך צו דער געזעלשאפט וועגען איינארדנען פארלעזונגען און שעורים, און ס'איז איהר פראגראם צוזעהן זער א גוטער ענטוויקלונג.

אין קורצען טרעט צו די שכונה נוה־שאנן אין ירושלים אויסצובויען נייע צוואנציג הייזער. נוה־שאנן איז געגרינדעט געווארען מיט איניגע יאהר צוריק דורך א גרופע רעליגיעזע יודען. אבער צוליב דעם וואס זי געפינט זיך ווייט פונ'ם צענטער, האט זי זיך ביז יעצט קנאפ־וואס ענטוויקעלט. פאר די אב־געשעהעניש־יען האבען איניגע חברים זיך דארט אויסגעבויט הייזער, אבער אין דער צייט פון די געשעהענישען זענען זיי פערלאזט געווארען און די בוי־טעטיגקייט האט זיך איינגעצען אפגעשטעלט. לעצטענס האט זי בעקומען פון דער חברה „שערי חסד" אהן — פראצענטיגע הלואות אויסצובויען 20 הייזער, וועלכע וועלען בקרוב אויסגעבויט ווערען פון די 20 וועלען איניגע געגעבען ווערען פאר די חברים פון אגודת־ישראל, אין ווענדענס הענד עס געפינט זיך א טייל באדען פון נוה־שאנן וואס רופט זיך „נוה־ישראל".

ירושלים ת"ו, סוף שבט, תרצ"א. א"י ירושלים

---

געשעפטס־ענטערנעמונגען צו דערגרייכען וואס א העכערע שטופע פון תורה אין עכטע פאלקסמענשהייט מיט די גרעסטע התמדה און אקטיוויטעט, שוין איבער הונדערט יאהר ווי די ישיבה שטעלט צו דעם גרעסטען רבנים קאנטינגענט פאר גאר די וועלט און בעזונדערס פאר פוילישע ליטא רוסלאנד און אמעריקא, וועלכע בעזיצען די בריטעסטע קוואליפיקאציעס דערצו וועלכע פערמאגען און זיך אויסער די אלע אויבענדערמאהנטע מעלות א קאנסעקווענטע שטעלונג פאר די תורה אידעען. מיט איבער געגעבענע מסירת נפש ארבייטען זיי אויף אלע געביטען וואס נעמען ארום דאס יודישע לעבען, און פיהרען אויס טריי און ערליך די אידעען וועלכע זיי האבען אין זיך איינגעזאפט אין פערלויף פון די תקופה פון זייער ישיבה בילדונג.

ליידער אבער צוליעב דעם גרויסען קריזיס וועלכער האט ארומגעכאפט די גאנצע וועלט איינגענומען אין כלל אויך אמעריקא וועלכע איז דער הויפט קוואל פון וואנען זי האט געשעפט איהרע הכנסות, האבען זיך די איינקונפטען זעהר פערקלענערט און די ישיבה וועלכע האט א בודזשעט מאנאטליך ארום 4000 דאלאר ראנגעלט זיך מיט שווערע אמפערניש פאר איהר עקזיסטענץ די לאגע איז ממש א קאטאסטראפאלע און די ישיבה שטייט פאר'ן ראנד פון אינטער גאנג.

צו דער צוועק האט זיך פרייוויליג מתנדב געוועזען דער זעהר חשוב'ער הרה"ג יעקב באקיש שליט"א אב"ד דרילאטיץ און געקומען קיין קראקא צו זאמלען א גרעסערע געלד סומע צו לינדערן די אזוי שווערע לאגע.

קראקאווער יודען! ביי וועמען פון אייך עס איז נאך נישט אפגעלאשען דער לעצטער יודישע פונק ווער עס האט אין זיך נאך אביסעל געפיהלען פאר אונזער הייליגע תורה זאל קומען און ראטעווען דאס טייערסטע צירונג וואס דאס יודישע פאלק פערמאגט, אייער גרעסטער און הייליגער פליכט פון וואס קיינער קען נישט און טאר זיך נישט אפזאגען איז אנטקעגען קומען מיט אפענע הענד מיט די גרעסטע נדבות, דעם חשובען רב און שפענדען מיט א ברייטע האנד לטובת דער וויכטיגער אינסטיטוציע.

יודען! קומט אנטקעגען מיט אייער באלדיגע שנעלע הילף.

ל. ארי'.

# וואס הערט זיך אין קראקא?

## צו וועט דער אויפגעלעזטער שטאדט־ראט זיך נאך אמאל צוזאמענקומען?

לויט דעם געזעץ קען קיינער דער אויפלעזונג פון שטאדט־ראט אריינגעטראגען ווערען א רעקורס צום אינערן מיניסטעריום אין פערלויף פון 4 וואכען נאך דער אויפלעזונג אבער גאר ווען עס איז אויף א זיצונג פון אויפגעלעזטען ראט אזעלכעס בעשלאסען געווארען. אזא זיצונג מוז אויף דער ביטע פון 26 ראטמענער, דער פרעזידענט צוזאמענרופען ביז דריי טאג.

די אפאזיציע ד. ה. די סאציאליסטען נ. ד. און כ.ד.'עקעס האבען טאקי צו דעם צוועק אנגעהויבען זאמלען אונטערשריפטען זונטאג איז וועגען דער רעקורס־פראגע אויך פארגעקומען א זיצונג פון „בירגערליכען קלוב" ווי עס איז בעשלאסען געווארען נישט אונטערצושרייבען. דאס געזוך פון דער אפאזיציע און אויף א עווענטועלער זיצונג פון אויפגעלעזטען ראט נישט צו קומען אזוי אז עס איז גאר א ספק צו אזא עווענטועלע זיצונג וועט איבערהויפט האבען דאס פערלאנגטע קווארום פון 40 ראטמענער חוץ דעם פארז. דער אויפגעלעזטער שטאדט ראט אין 1925 איז צוליעב אזא רעקורס אין מיניסטעריום אין א אנקלאגע פון מיניסטערס בעשלוס צום העכסטען אדמ. טריבונאל — אין 1927 יאהר צוריק אקטיוויזירט געווארען.

א דעלעגאציע פון מירער ישיבה. ס'ווייל אין קראקא א דעלעגאציע פון מירער ישיבה מיט'ן חשוב'ן דזיעלאטיצער רב הרה"ג ר' יעקב באקשט בראש, אדורכצופיהרען א זאמעל־אקציע לטובת דער ישיבה ס'וועט יעדער יוד די דאזיגע שלוחי מצוה בודאי אויפנעמען בסבר פנים יפות און זיי אקעגענטראגען דעם כ ישטייער לטובת דעם וויכטיגען תורה־מוסד. די דעלעגאציע איז פערזעהען מיט בריעף פון די אנגעזעהענסטע רבנים און רביים אין פוילען.

אויסצייכנונג פאר ה' באכנער. דער „מאניטאר פאלסקי" טיילט מיט אז דער פרעזעס פון פערבאנד פון יודישע אינוואלידען איז דורכ'ן מלוכה פרעזידענט אויסגעצייכענט געווארען מיט דעם גאלדענעם פערדיענסט מעדאל פאר זיינע גרויסע פערדיענסטען לטובת די יודישע אינוואלידען.

### היי־יאהר פורים אין קראקא.

צו אורטיילען לויט די בעוועגונג אין די גאסען איז דער היינטיגער פורים געוועזען א גאר פרייליכער. וואס קראקא האט שוין לאנג נישט געהאט אזא פרייליכן פורים די בעוועגונג אין די גאסן מיט די פיל פערשטעלטע האט אנגעהאלטען ביז 3 ביינאכט. איבערהויפט זענען געוועזען צווישען די מאסקען דאמינירענד פאליטישע פיגורען אונטער'ן צייכען פון דער ארץ ישראל פאליטיק. ס'איז געוועזען צוזעהען סער טשענסלאר, לארד פאספילד — די אייגענטליבע היינטיגע המן'ס — און פיעל אראבער־צוגען מיט עפענדי'ס בראש אויך היימישע פיגורען ווי ד"ר טהאן, ר' פינקעלשטיין־סטעמפעל און פיעל רבישע פיגורען זענען געוועזען צו זעהען.

אויך פורים־פעראנשטאלטונגען זענען היי־יאהר געוועזען מעהר ווי תמיד. ס'איז אלזא מקוים געווארען אן אונז דער מאמר חז"ל „מפני מה מועדים שבבבל שמחים, מפני שהן עניים" שלעכטע צייטען און א פרייליכער פורים.

די טראדיציאנעלע פארשטעלונג בייט טשחויבער רב האט צוגעצויגען א גרויסען עולם. אויך שושן פורים איז די פארשטעלונג בעחזר'ט געווארען, ס'זענען פארגעקומען פארשטעלונגען ביי די מחזיקי לימוד, פועלים און בנות א"י וואס האבען געדויערט ביז שפעט אין דער נאכט. אויך אין דער מגדלי יתומים איז געמאכט געווארען א פייערליכע פורים־סעודה פאר די קינדער.

---

וואס עס טרעפט זיך אליין. מיט צוואנציג יאהר צוריק האט אין פראסניץ מעהרען, א יודישער פאבריקאנט און נדבן אויפגעבויט אן אסיפת זקנים און אבגעשריעבען עס אויף דעם קאמיטעט. פאר עטליכע חדשים האט זיך געווענדעט א אומבעקאנטער אלטיטשקער צו דעם קאמיטעט מיט דער ביטע אים אויפצונעמען אין דער אנשטאלט, די ביטע איז צוליעב פלאץ־מאנגעל אבגעסוויזען געווארען. דער אלטיטשקער האט זיך געווענדעט צום פרעזידענט, ווי עסשטוינט איז אבער דער פרעז. געווארען פעסטשטעלענדיג די פאפירען פון זקן אז דאס איז אייגענטליך דער זעלבער שמעון ריינער וואס האט אויפגעשטעלט פאר זיין געלד, די חברה וואס איז אבער אין דער צייט געווארען א שרעקליכער יורד, אויענאמס ווייזע האט מען פאר אים פלאץ געמאכט אין א בעאמטען וואוינונג פון „זיין" אסיפת זקנים. איצט איז ער ענדליך אויפגענומען געווארען אין דער חברה גלייך מיט אלע זקנים.

---

## א ווענדונג פון ארץ־ישראל רבנים.

די רבנים אין א"י האבען זיך געווענדעט מיט אן אויפרוף צו די יודען אין גלות אז עס זאל אויפגעהויבען ווערען א פראטעסט אקציע געגען דער הפקרות צושטאנד וואס הערשט נאך אלץ אין הייליגען לאנד און ספעציעל אין די קאלאניעס אויפ'ן געביעט פון כשרות, שמירת שבת און טהרות המשפחה.

די בעטער, רבנים פערלאנגען אז יעדע שטאדט אין חוץ לארץ זאל שיקען א פראטעסט צו דער ציוניסטישער לייטונג און פאדערן אז פון די פאלק'ס געלדער וואס ווערען געזאמעלט אין דער גאנצער וועלט זאלען נישט געשטיצט ווערען נאר אזעלכע וואס וועלען זיך פיהרען יודיש בכלל בפרט אין עניני כשרות און שבת.

די ווענדונג האבען ארויסגעגעבען די רבנים, קוק, ר' איסר זלמן מעלצער און אנדערע.

# קורצע ידיעות פוז דער וואך.

— הרב פישמאן האט בעזוכט דעם טשארטקאווער רבין שליט"א. דער רבי האט אים געגעבען א סומע געלד אויף מצות פאר די חלוצים אין א"י.

— אין לוקאוו האט בעת א מחלוקה וועגען א רב א יוד אויסגעשאסען פון א רעוואלווער און שווער פערוואונדעט א יודיש יונגעל.

— אין סהארן וועט פארקומען א קאנפערענץ פון יודישע קהלות פון פויזען פאמערן און איבערשלעזיען וועגען גרינדען א א קהלות פערבאנד אין שיצען די הייליגטימער און די פעילאזענע קהילות.

— די אליאנס האט געשיקט 100 טויזענד פראנק פאר ארימע יודען אין פוילען. דאס געלד איז צוטיילט געווארען צווישען ווארשא, לאדז, לעמבערג, ווילנא, ביאליסטאק, ראוונא, גראדנא און אסטראה־וואלין.

— די ליטווישע רעגירונג איז אין קאנפליקט מיט די גלחים פיהרען די גלחים א פערשטארקטע העצע גענגען יודען.

— אין רוסלאנד ווערט געפיהרט א פראצעס געגען 14 מענשעוויקעס דערונטער 6 יודען.

— דעם 8 מערץ וועט אין ווארשא פארקומען א קאנגרעס פון לאסאטארען-פעראיינען געגען פראיעקט צו העכערען דאס דירה געלד

— אין יאהר 1930 האבען אמעריקאנער יודען געשפענדעט איבער 35 מיליאן דאל. אויף אלגעמיינע וויסענשאפטליכע און פילאנטראפישע צוועקען.

— אויך אין אמערקא האבען א גרופע דייטשע היטלעריסטען אנגעפאנגען א העצע געגען יודען.

— ראס העכסטע ארם. טריבונאל האט בעשטעטיגט דעם גראדזיסקער רבינ'ס זוהן ר' אהרן יצחק שפירא אלס גראדאסקער רב.

— דער צאל אויף מצות וועט רעדוצירט ווערען ביז אויף 50 פרצ. פון נארמאלען צאל.

— זינטאג איז אין לעמבערג פערגעקומען די לוי' פון דעפ. דיאמאנד.

— אין ווארשא האט גרינבוים גערופען אויף א פערזאמלונג. די רעוויזיאניסטען און עת-לבנות'ניקעס האבען די פערז. בויקאטירט.

— די ליגע פאר מענשען רעכט האט געווירקט ביי דער פראנצויזישער רעגירונג צו פערעפענטליכען די אקטען פון דער דרייפוס אפערע.

— אין דער האלענדישער דיאמאנט אינדוסטריע ווערט געפלאנט איינצופירען די פינף טאגיגע ארביטס וואך.

— אראבישע צייטונגען אין א"י האבען אנגעהויבען אז עלולת-דם העצע.

— אין אלזשיר איז ארעסטירט געווארען א יוד און צוזאמענהאנג מיט א כלוט בלבול.

— אין דראגאטשעוו רוסלאנד זענען 2 ארבייטער פערמשפט געווארען יעדער צו 2 יאהר תפיסה פאר אנטיסעמיטישע העצעס'

— דער מאסקווער „עמעס" שטעלט פעסט אז די „אנטי-רעליגיעזע אקציעס" אין רוסלאנד האבען געהאט וועניג ערפאלג.

— אין ברוינשווייג איז פערבאטען געווארען די יודישע שחיטה.

— מארשאלעק שוויטאלסקי האט אין סיים בעערט דעם פערשטארבענעם סאציאליסט דיאמאנד, ראגעגען קירשבוינען נישט וויל קירשבוין האט אין א בריעף אמאל אנגעגריפען שוויטאלסקין.

— לויט לעצט בעריכטען ווערט אין דער ירושלימער ארבייטער סיך פערקויפט טעגליך איבער 2 טויזענד פארציעס טרפה פלייש געקויפט ביי גויאישע קצבים.

# וואד קאלענדער

מיט היסטארישע דאטען און יאהרצייטען.

פרייטאג י"ז אדר.

יאהרצייט פון קראקאווער רב רבי שמעון סופר וצ"ל.

האט דער בית יוסף פערענדיגט זיין ריעזען ווערק דעם ש"ע. שס"ו געשט. ר' מנשה בן ישראל פון אמטערדאם. ער האט אויסגעווירקט ביים ענגלישען פארלאמענט און קעניג וויעדער אריינצולאזען יודען קיין ענגלאנד.

געשט, אין קראקא ר' יעקב ב"ר יוסף אייכהארן מח' „עדות ביעקב" תר"ה.

שבת י"ח אדר.

געשטארבען הג' דוד בערלין רב אין די דריי קהלות אה"ו ברודער פון ר' ישעי' בערלין.

הצ' ר' זוסקינד פון הוראדנא מ' „יסוד ושורש העבודה".

יאהרצייט פון ר' חנוך הענוך, אלעקסאנדערער רבי.

זונטאג י"ט אדר

געשטארבען הג' ר' אשר לאנדא פון קראקא, ווערט געברענגט אין שו"ת רמ"א שכ"א.

הג' ר' יוסף דוב בעריש הכהן, וואוידיסלאווער רב, זוהן פון „קצות החשן".

יאהרצייט פון אסטראווצער רבין ר' מאיר יחיאל הלוי.

ה'תר"ח איז ארויס אין רוסלאנד די גזירה געגען יודישע מלבושים, פיאות און שייטלען.

מאנטאג כ' אדר

יאהרצייט פון ב"ח רבינו יואל סירקיס.

ה'של"ח האט סטעפאן באטארי געגעבען שוץ-בריעף די יודען אין פוילען.

ווערט אין פראנקפורט געפראוועט „ווינצען-פורים" צוליעב א נס וואס איז דארט געשעהען אין יאהר שע"ד.

דיענסטאג כ"א אדר

יאהרצייט פון רבין ר' אלימלך פון ליזענסק מ' „נועם אלימלך".

פון ר' ישעי' דינאוויצער, תלמוד פון רבין ר' בער.

פון הג' ר' יצחק אלחנן פון קאוונא.

מיטוואך כ"ב אדר

ה'ק"ץ איז אין רוים ארויס א גזירה צו הרג'נען אלע יודען וואס וועלען זיך נישט שמד'ען, איז געווארען א ערד ציטערניש ביי וועלכער אלע איניציאטארען פוז דער גזירה זענען אומגעקומען האט דער פויפסט צוריקגעצויגען די גזירה.

יאהרצייט פון ראדישיצער רבין ר' אליעזר דוד.

ה'תרי"ט איז ערלויבט געווארען יודישע סוחרים פון ערשטער גילדע זיך בעזעצען אין רוסלאנד און אין קאווקאז.

דאנערשטאג כ"ג אדר

יאהרצייט פון גערער רבין בי „חידושי הרי"ם" זצ"ל.

ה' שפ"ג גיעט קאיזער פערדינאנד II די יודען פון בעהמען בירגער-רעכט.

נאכדרוק פארבאטען.

# אסתר המלכה

היסטאָרישע ערצעהלונג. געשריבען ספעציעל פאר „דאס ליכט“. פון עתניאל

אכטע פארטזעצונג

דער פאַן וואָלאַסטינסקי דער נאַסט נעבער האָט געמערקט ווי זיינע געסט לאכען אין האַרצען פון א'הם און זיין פלוצלינגע וויכקייט צו די יודישע וואנדערער צוליעב דער יודישקע. פיעל פון די געסט האבען זיך געשושקעט אויפ'ן אויער וועגען דעם ני'עס און די מעגליכע פאַלגען דערפון. אמת דאס אלדינגס וואס יי האבען נאר וואס ביינעוואוינט איז געוועזען אויך א פאלגע פון די פיעל שטארקע ווייגען וואס דער בעה"ב האט געהאט געטרינקען. אבער — האבען אנדערע געטעה'נעט — פון דעם יונגען לעבענס־לוסטיגען וואָלאַסטינסקי קען מען אלעס ערווארטען. ער קען אונז נאך פיעל סיורפריזען פערשאפען — האבען אינדערשטיל זיך געלאזט הערען עטליכע עלטערע אנגעזעהנע פריצים.

ככדי צו פערווישען דעם שלעכטען איינדרוק וואס די סצענע מיט אסתר'קען האט געמאכט, האט דער בעה"ב מכבד געוועזען דעם עולם מיט נאך פיעל טייער'ע ווייגען און פערשידע:ע אנדערע משקאות.

אין דער צייט וואס די געסט אויפ'ן באל האבען זיך אויפ'סנ״י אנגעהויבען משמח זיין איז אסתר געזעסען אליין אין די צימערען וואס מ'האָט איר געהאט איבערגעגעבען און יאָמערליך געוויינט איבער איר ביטערען גורל, זי האט איינינע מאה'ל געבעטען ארויפ־לאזען אהער איר פאטער אדער אויך. זי צו פערשפארען אין די פינסטערע קעלערען אבי אין דער עת צרה זיין ביי זאמען.

אבער אומזיסט! רער פריץ האט גענעבען א שטרענגען בעפעהל היינעם צו איהר נישט צו לאזען.

3.

אין דעם פינסטערען נאַסען קעלער זיצט ר' יהושיע פער־זינקען אין זיינע טרויעריגע מהשבות, ער טראכט פארשיעדענע עצות אָבער וואס טראכטען אז ער האט שוין ארומגעטאפט אלע ווענד און נישט געפינען אפלו קיין סימן פון אַ פענס־טער און דאס איינע טהירעל דורך וועלכען מ'האט אים א־ריינגעפירט איז פערהאקט געווארען אונטער איהם מיט אַ שווער שלאָס. פערצווייפעלט האט ער זיך אַנידערגעווארפען אויף דער ערד און אויסגעבראָכען אין אַ הייסע תפלה צום רבש"ע — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

פלוצים דערהערט ר' יהושיע ווי שטילע מענשליכע טריט דערנעהנטער'ן זיך צו דער טהיר פון זיין קאמער, ער הארכט זיך צו. יאָ! עפעס פאָרעט זיך ווער ביים שלאס, די טהי: עפענט זיך א מאטע שיין פון א לאַמטער'ן פערטרייבט א ביסעל די געדיכטע פינסטערניש פון דער קאמער.

א נוטען אווענד אייך, ר' יהושיע — דערהערט זיך דעם קיכער'ס שטים. א ר' יאנקעלע, שפרינגט אויף ר' יהושיע און הייבט אָן וויינען אויפ'ן קול. א ביסעל שטילער, רוימט אים איין דער קיכער אויפ'ן אויער, גאר שטיל מוזען מיר איצט זיין. קיינער טאָר אונז איצטער נישט הערען ווייל אויב נישט זענען מיר ביידע פערלוירען, ס'איז איצט אויך נישט קיין צייט פון וויינען, מיר מיזען טראכטען עפעס טוען ווייל די צייט איז קורץ.

זאָגט נאר ר' יהושיע — ווענט זיך צו איהם שטיל דער קיכער — איהר האט מיר פריער דערציילט אז אייער טאכטער האט א חתן מ'ט'ן נאָמען אלישא, קענט איר מיר עטוואס דער־ציילען וועגען איהם.

יאָ! מיר זענען געוועזען זעהר גליקליך מיט דעם חתן שטעלט אייך פאר, א בחור א גרויסער תלמיד חכם וואס האט מיט זיין לומדות געשמט אין דער גאנצער געגענד. דערצו האט ער אויך פראַקטיצירט מעדיצין אין ער האט שוין געהאט א נאָמען אלס גוטער דאקטאר מ'פלעגט איהם רופען צו די דייטשע פירסטען אין אונזער געגענד וועלכע האבען צום אים געהאט דעם פולסטען צוטרוי. אונזערע פירסטען האבען בכלל נישט קיין צוטרוי נאר צו יודישע דאקטוירים.

ר' יהושיע זיפצט טיעף אָב אין דער ציילט ווייטער יאָ! מיר האבען זיך געפילט זעהר גליקליך, מ'האט זיך שוין געגרייט צו דער חתונה, דאס איז געוועזען מיט א יאָהר אנדערט־האלבען צוריק ווי עס האט פלוצים אונזער ליעבען אלישאען געטראפען א א'מגליק אין ער האט געמוזט אנטלויפען פון דייטשלאַנד.

ביים פירסט פון מאינץ איז שווער קראנק געווארען א קינד. אלישא איז גערופען געווארען צו היילען דאס קינד, ער איז געוועזען ביים פירסט עטליכע וואכען. די קראנקהייט פון קינד האט אבער כסדר געמאכט ווייטער פארטשריטען דער שוואכער קערפער פון קינד האט נישט געקענט מער איבער האלטען אין דאס קינד איז ביי איהם אויף די הענד געשטארבען.

באלד האבען זיך געפונען ארום. דעם פירסט עטליכע הע־צערם, וועלכע ס'האט בכלל פערדראסען פארוואס די פירסטען בעניצען זיך מיט יודישע דאקטוירים און האבען פעראנטווארטליך געמאכט אלישא'ען פאר'ן שטארבען פון קינד.

דער פירסט האט געלאזט אלישאען פארשפארען אין תפיסה און מ'האט באלד אויף איהם געפונען נאך אנדערע חטאים.

אָריסע פויערים פלעגט ער היילען אומזיסט האט מען אויף א הם אויסגעטראכט אז ער האט געבונטעוועט די פויערים, אויך אז ער האט זיך אפגעגעבען מיט צויבעריי אויף דעם אלעס. האבען זיך שוין געפינען עדות און ס'האט אלישא'ען געדראהט א זעהר א הארבע שטראף.

איר קענט פארשטיין אז מיר האבען געהאט א שווער שטיקעל ארבייט ביז מיר האבען אים ארויס בעקומען פון דער תפיסה, די גאנצע ארבייט איז געלעגען אויף אונז, אלישא איז א זוהן פון מיינעם אן עלטערען ברודער וועלכער האט אים מיט עטליכע יאהר צוריק פעריתומ'ט. פערשטעהט זיך אז אלישא האט מעהר נישט געקענט פערבלייבען אין דייטשלאנד, ער איז אוועק — וויס'האט געהייסען קיין קראקא. מיר האבען אנפאנגס פון איהם אויך בעקומען עטליכע בריעף אבער די לעצטע צייט האבען מיר מעהר פון איהם נישט געהערט.

דערצעהלענדיג פון אסתר'ס חתן — האָט ר' יהשיע כמעט פערגעסען — ווי ער האלט ערגיץ אין דער וועלט, די גויטלאגע אין וועלכער ער געפונט זיך.

(פארטזעצונג פאלגט)

פאר'ן אינהאלט פון די אנאנסען איבערהויפט בנוגע כשרות איז די אדמ. נישט פעראנטוואָרטליך.


אבאנאמענט'ס פרייזן: א חדש 80 גר. א קווארטאל 2·40, א יאהר 9 זל. אויסלאנד א יאהר אנדערטהאלב דאלאר.

מאנוסקריפטען ווערען נישט צוריקגעשיקט. ביי אנפראגע אויף תשובה דורך דער פאסט דארף בייגעלעגט ווערען מארקען אויף תשובה

אנאנסען פרייזן: פאר א מיליסעטער שורה אויף דער לעצטער זייט 30 און טעקסט און אויף דער ערשטער זייט 50 גר. דער עטור געטיילט אין 4 שפאלטען גראט־לאציע א פעטיט־שורה 50 גר. די קלענסטע 2 זל

Wydawca: Za wydawnictwo „Jawne" i red. odp. W L. Uibach. — Drukarnia M. Lenkowicza, Kraków, Meiselsa 4.